

# יודישע פרויענוועלט


**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנצייגען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

**די אדרעסע פיר רוסלאנד:**
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".

**א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.**
ערשיינט יעדע וואך
רעדאקטארען:
פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.
פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד"ר ה. ד. הורוויץ.
פערלאג „פאלקס־בילדונג".

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 "
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

**די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:**
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 15 Oktober 1902. Nr. 16—17 קראקוי, י"ד תשרי, תרס"ג.




## אין סכה.

(א ליעד)

א סכה א קליינע
פון ברעטער געמיינע
האב איך קוים מיט צרות געמאכט!

געדעקט דעם דאך
מיט א בסעלע סכך,
און איך זיץ אין איהר סכות ביי נאכט.

פון ווינד דעם קאלטען,
וואס בלאזט דורך די שפאלטען,
מיין ליכטעלע לעשען זיך וויל; —

דא מאך איך מיר קדוש,
און זעהט נאר א חדוש:
מיין ליכטעל ברענט רוהיג און שטיל!

מיט פערזארגטען געזיכט
דאס ערשטע געריכט
טראגט מיר מיין ווייב באלד אריין;

זי שטעלט זיך אוועק
און זאגט, ווי מיט שרעק:
דער ווינד ווארפט די סכה באלד איין!

— עס, זיי ניט קיין נאר
און האב ניט קיין צער
עס זאל דיר דער ווינד ניט טהון באנג:

ניט זעלטען זיי קומען
די ווינדען און ברומען;
דאך שטעהט אונזערע סכה שוין לאנג!...

אלכסנדר סאלאמאן.

---

## די לאגע פון דער יודישער פרוי אין דער אלטער צייט.

II.

דער ערשטער בית-המקדש ווערד חרוב, די יודען ווערען פערטריבען נאך בבל, דער נאך געהט דורך א משך פון 70 יאהר, און די יודען קעהרען צוריק נאך ארץ ישראל, און בויען ווידער דען בית המקדש. דורך די בעמיהונג פון עזרא הסופר ווערד די תורה פערשפרייט צווישען דאס פאלק מעהר און מעהר; אנשטאדט די נביאים, וועלכע הערען אויף צו זיין אין יענער צייט, גרינדעט זיך א חברה לעהרער (סופרים), וואס לעהרען און ערקלעהרען דעם פאלק די תורה און איהרע דינים, און דעמאלט ווערד די לאגע פון דער יודישער פרוי אין דער משפחה פיעל פערבעסערט.

די ערשטע תקנה, וואס די חכמים האבען מתקן געוועזען, איז — א כתובה. דער מאן האט געמוזט אן שרייבען דעם ווייב, אז ער איז מחויב זי מפרנס צו זיין, און אויב ער וועט שטארבען אדער ער וועט זי גט'ען, בעדארף זי בעקומען א געוויסע סומע געלד. איצט, אז דער מאן האט געוואלט גט'ען דאס ווייב. איז איהם שוין ניט געוועזען אזוי לייכט ווי פריהער, ווייל ער האט געמוזט בעצאהלען איהר די כתובה ביז א פרוטה.

די געשיכטע פון דער כתובה איז זעהר מערקווירדיג. אין איהר זעהט מען ווי ווייט די חכמים האבען געזארגט פאר דער פרוי, אום צו פערבעסערן איהר לאגע. אין אנהויב איז געוועזען דער מנהג, אז דער מאן פלעגט פון זיין אייגענס אבטהיילען א געוויסע סומע געלד, און דאס איז געוועזען אויף צו בעצאהלען דעם ווייב איהר כתובה. פון דעם איבעריגען אייגענס, וואס האט געהערט דעם מאן, האט דאס ווייב ניט געקענט מאנען איהר כתובה. בכן פלעגט זיך אפט מאל טרעפען, אז בשעת דער מאן פלעגט שטארבען, האבען די יורשים בעהאלטען דאס געלד, וואס ער האט איהר אבגעטיילט און געזאגט, אז עס איז פערפאלען געווארען, בכדי זיי זאלען ניט בעצאהלען איהר כתובה. אויסער דעם איז געוועזען דעם מאן זעהר לייכט גט'ען דאס ווייב, ווייל איהר כתובה-געלד איז געוועזען שטענדיג גאנץ; און פלעגט ער איהר אפגעבען דאס געלד האט ער זי געקענט גט'ען, ווען ער האט געוואלט

נאכדעם האט מען געמאכט א נייע תקנה, אז דאס כתובה-געלד זאל ליגען ביי איהרע עלטערן אדער קרובים, בכדי דעם מאן זאל זיין שווער צו בעקומעי דאס געלד און איבערגעבען עס דער פרוי בעת דעם גט'ען זיך. אבער דאס האט גאר ניט געהאלפען, ווארום ווי דער מאן איז אין כעס געווארען אויף זיין פרוי, פלעגט ער איהר זאגען: „געהם זיך דיין כתובה און געה!" דא האבען זיך די חכמים מישב געוועזען און האבען געהייסען, אז פאר דאס געלד פון דער כתובה זאל מען קויפען גאלדענע און זילבערנע כלים, בכדי דער מאן זאל ניט האבען קיין מזומ'נע געלד אין דער רגע וואס ער וויל זי גט'ען. נור דאס האט אויך ניט געהאלפען, ווייל די כלים זענען דאך געוועזען גאנץ, פלעגט דער מאן דערפון גרינג מאכען געלד.

---

## פעליעטאן.

### ווער ווייסט?

אדראמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום-עליכם.

---

(פארטזעטצונג).

XIII.

### און בלייבט איין אדעסער.

שען איז די שטאדט אדעס מיט איהרע ריינע גלייכע אויסגעמאסטענע גאסען, וואס געהען דורכגעשניטען איינדערליינג און איינדערברייט קעסטעלטיג ווי א שאכמאט, מיט איהרע הויכע צוממיינסטען געלע און ווייסע מויערען, וואס איינער וויל זיך אויספיינען פאר דעם אנדערען, מיט אויסגעפוצטע אקאציעס, וואס צעבליהען זיך, אז עס קומט שבועות-צייט און דער ריח זייערער צעגיסט זיך אין אלע אברים, מיט איהר שווארצען ים, וואס זעהט אויס פון דערווייטען ווי א ברייטע בלויע סטיינגע נעמט ארום די שטאדט. שען איז די שטאדט אדעס, טאקי נאר ווי א שענע איין אויסגעפוצטע כלה, א שענע איין אויסגעפוצטע כלה האט דעם זיבעטען חן ביי איטליכען אין די אויגען. וואס פאר א חן האט די אייגענע שענע אויסגעפוצטע כלה ביי איהר געליבטען חתן אין די אויגען? נישקשה, איך קאן גלייכען די שטאדט אדעס פאר א שענע אויסגעפוצטע כלה, און דוד'ן — פאר איהר געליבטען חתן, וואס צו איהר האט איהם געטהון ציהען, צו איהר האט ער געטהון גליסטען ווי א געטרייהער עהרליכער חתן צו זיין געליעבטער כלה.

ווי א חתן וואס איז פערליבט אין דער כלה מוז זיין א ביסעל פערשכור'ט, די אויגען מוזען איהם זיין א ביסעל פערבלענזט און אלסדינג מוז זיך איהם אויסווייזען ליכטיג, לעבעדיג, זינגענדיג און טאנצענדיג, אזוי האט אויך אויסגעזעהען די שענע שטאדט אדעס דאס ערשטע מאל ביי אונזער יונגען העלד אין די אויגען. איטליכע גאס האט צו איהם געשמייכעלט, יעדער בוים האט צו איהם געווינקען און יעדער מענש האט איהם געגריסט. די גאנצע שטאדט האט איהם געטראגען אקעגען א ברייטען שלום עליכם: „ברוך הבא, א גאסט, רב דוד!"... ער זאל זיך ניט שעמען וואלט ער איטליכען בעזונדער ארומגעחאפט קישען; ער זאל ניט מורא האבען פאר'ן טאטען, וואלט ער זיך אין מיטען נאס אפגעשטעלט און איבערגעקוליעט מיט'ן קאפ אראפ מיט די פיס ארויף — אלעי האפ! אזוי גוט איז איהם געוועזען אויפ'ן הארצען, אזוי גרינג אויף דער נשמה און אזוי ברייט און גראם און ליכטיג איז איהם געווארען די גאנצע וועלט.

דעמאלט האט איינער פון די ערשטע חכמים, שמעון בן שטח, מתקן געווען, אז דער מאן זאל נעהמען דאס געלד זיך צום האנדלען, כדי טאמער וועט ער דאס געלד פטר'ן, און קיין אנדער געלד וועט זיך בעת מעשה ניט געפינען ביי איהם, וועט ער ניט קענען גט'ען זיין ווייב אין דער רגע, וואס ער ווערד אין כעס, און אז זיין כעס וועט געשטילט ווערען, וועט ער געוויס חרטה האבען, וואס ער האט געוואלט גט'ען זיין ווייב. אויסער דעם האט שמעון בן שטח מתקן געווען, אז אין דער כתובה זאל שטעהען געשריבען, אז דער מאן גאראנטירט זיין ווייב איהר כתובה־געלד מיט זיין גאנצען אייגענס און אויב ער שטארבט, מוז מען חאטש אלעס פערקויפען, כדי בעצאהלען דער אלמנה איהר כתובה.

דאס חתונה־האבען בעקומט שוין אין די ערשטע צייטען פון די חכמים איין אנדערען און אשענערען כאראקטער: אנשטאט דעם, וואס פריהער פלעגט דער מאן בעצאהלען דעם פאטער פון זיין פרוי געלד, און דערמיט פלעגט ער קויפען ביי איהם זיין טאכטער, האבען די חכמים געמאכט אמנהג, אז דער כלה'ס פאטער זאל געבען נדן דעם איידים, און דער איידים בעדארף ארויסגעבען דעם ווייב אכתובה אויף דער סומע פון נדן, ווי גרויס ער זאל ניט זיין. אויב עס האט חתונה געהאט איין ארימע יתומה, האט קהל בעדארפט געבען נדן איהר מאן ניט וועניגער פון 50 גולדען.

דער נדן איז געווען פון צוויי מינים: איין מין נדן האט געהערט דעם מאז, און ער האט נור בעדארפט גאראנטירען, אז ער אדער זיינע יורשים זענען מחויב בעצאהלען דער פרוי די סומע. דער צווייטער מין נדן איז געווען אזא געלד וואס האט געהערט דער פרוי, און דער מאן האט געקענט נעהמען פון איהם נאר דעם פראצענט. איצט איז שוין די לאגע פון דער פרוי נאך העכער געווארען, ווייל זי האט איין אייגענס, וואס געהערט צו איהר זעלבסט, ווי יעדער פרייער מענש.

דער מאן איז מחויב צו געבען דעם ווייב אויף אלע איהרע הוצאות, און איהרע פרנסות אין האנדעל אדער א מלאכה, אויך דער פראצענט פון איהר אייגענעם קאפיטאל, האבען געהערט דעם מאן. נאר אויב איהרע הכנסות זענען גרעסער פון איהרע הוצאות, מעג זי זאגען דעם מאן: „איך בעט ביי דיר ניט אויף דער הוצאה, און איך וויל ניט, אז דו זאלסט נעהמען מיינע הכנסות“, פערקעהרט, אויב איהרע הכנסות זענען קלענער פון איהרע הוצאות, קען דער מאן ניט זאגען: „איך וויל ניט דיינע הכנסות, און וויל דיר ניט געבען אויף דער הוצאה“.

אויב דער מאן איז אוועק געפאהרען אין א ווייטער וועג און זיין ווייב האט ניט מיט וואס צו לעבען, פערקויפט דאס בית־דין דעם מאנס גוט, וואס איז געבליעבען, און גיט דער ווייב אויף דער הוצאה, און זיינע קינדער מעגען אפילו געהן בעטלען.

ווען דער מאן פאהרט ארויס אין אנאנדער שטאדט אדער אין איין אנדער לאנד, קען ער ניט נייטען זיין ווייב, אז זי זאל מיט איהם מיטפאהרען, און ער מוז איהר געבען גט און בעצאהלען איהר די כתובה. פון דעם דין קען מען פערשטעהען. ווי פיעל די חכמים האבען זיך בעמיהט צו פערגרעסערען די רעכטע פון דער פרוי נאך מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק, ווארום אזא דין גיט עס אפילו אין אונזערע צייטען ניט אין גאנץ איירפא, ווייל וועדלוג די דינים פון איירפא מוז אפרוי לעבען צוזאמען מיט איהר מאן, און אויב ער פאהרט אין איין אנדער ארט, מוז זי מיט איהם מיטפאהרען, און אז זי וויל ניט, ברייגנט זי די פאליציי מיט דעם עטאפ צו איהר מאן.

נאך אבעווייז האבען מיר, אז אונזערע יודישע חכמים האבען מעהר געזארגט פאר דער יודישער פרוי, איידער די איבעריגע פעלקער. עס איז א כלל גדול ביי אלע פעלקער, אפילו אין אונזערע צייטען, אז אפרוי פון נידעריגען שטאנד, וואס האט חתונה מיט א מאן פון

---

די הויכע שרעקליך הויכע מויערען. די מענשען וואס געהען אויף און אפ, די גרויסע שפיגעלדיגע פענסטער מיט די אלע שיינע צאצקעס, וואס קוקען ארויס פון דארטען און פערנארען צו זיך: „א הער, בחור'ל, א הער קוק!“ — דאס אלסדינג מיט'ן רעש פון די רעדער איבער די שטיינער, האבען אויפגעחאפט אונזער דוד'ן און געטראגען איהם אין דערלופטען, פערשיכור'ט דער קאפ און פערטומעלט דעם מח. דאך איז ער געווען אויף אזוי פיעל ניכטער, אז ער האט זיך געקאנט איינהאלטען, מורא געהאט ארויסבעווייזען פאר זיין פאטער די גרויסע שמחה זיינע, טאמער נעמט ער און פיהרט איהם אפ צוריק א היים קיין מאזעפעווקע.

און אויף אזא יודען ווי זיין פאטער איז דאס געווען זעהר גרינג צו גלויבען, ווארום לייבקי פישער, אדער ווי מע רופט איהם היינט רב לייבעני פישמאן, איז א יוד בטבע א הארטער. איין עקשן א כעסן און מחילה א גרויסער דעספאט, סאי צו פרעמדע סאי צו אייגענע, צו ווייב און קינדער. א הויכען געשריי זאל א קינד טהון אין שטוב איז חיות ניט זיכער; א טאנץ טהון, א שפרונג טהון — דאס שמוסט מען ניט; וואס פאר א טאנצען? וואס פאר א שפרינגען? א קינד בעדארף אדער געהן אין חדר אריין, אדער אז סע קומט א היים — זיצען שטיל אדער ליגען און שלאפען. א ניט — איז פעטש ווי האלץ, קולעקעס און סטוסאקעס פון דער ברייטער האנד. האט ער גענומען שלאגען א קינד, איז קיין רחמנות נישט געווען; ארויפגענומען

דעם ברייטען לעדערנעם פאס פון די הויזען און געשמיסען אזוי לאנג ביז בלוט זאל געהן. דעמאלט פלעג גיטי זיך איינשטעלען דאס לעבען, צולויפען און אויסרייסען ביי איהם פון די הענד דאס צעהרג'טע אום־ברחמנות געממית'טע קינד, מיט א געשריי: „משוגע מיינע שונאים, צי חסר דעה, צי וועלכע שווארצע יאהר?“... אזוי שטעלט זיך אן הוהן א קוואטשקע פאר איהרע היהנדעליך בשעת סכנה־צעלאזט די פליגעל, שפרינגט אין פנים אריין, איז גרייט יענעם דורס זיין: קוואקא־קא־קא־קווא!?...

א יום־טוב פלעג זיין אין שטוב, אז ער איז אוועקגעפאהרען אויפ'ן דאן נאך פיש, אדער אויף די סקלאדען. דעמאלט איז געווען אויף אלעמען א נייע הויט, דעמאלט האט מען געקאכט די גוטע וועטשערעס, די אמת'ע מילכיגע וארעניקעס מיט קעז, אלע, אי גיטי, אי די קינדער האבען זיך אפגעלעבט א גוטען טאג, געצעהלט די גליקליכע טעג, וואס זענען אוועקגעגאנגען, פערלייקענט איינס פאר דאס אנדערע וואס אין הארצען טהוט זיך, געלינגערט און געפאלשט פון גרויס ביז קליין. אט אזוי האט מען געלעבט ביי די פישמאנעס אין שטוב, און אט אזוי לעבט מען אין א סך יודישע הייזער, וואו איינער נארט אפ דעם אנדערען, וואו אלע האבען זיך פיינט און קישען זיך, קאנען זיך ניט אנקוקען און האבען דרך ארץ, ציטערען פאר דער פארע און פערשטעלטען דאס געבוין. אויף א וועלכע הייזער האט נישט גערוהט די שכינה, אין א וועלכע הייזער האט

העכערען שטאנד, בעקומט אלע זיינע רעכטע, אונ אז א פרוי פון העכערען שטאנד האט חתונה מיט א מאן פון נידעריגען שטאנד, דעמאלט ווערד זי אויך ערנידערט, אונ פערלירט איהרע פריהעריגע רעכטע. למשל, אגריפין, אז זי האט חתונה פאר א בויער, ווערד זי אויך א בויערין. די חכמים האבען אבער געזאגט, אז ווען דער פרוי'ס לאגע איז געווען פאר דער חתונה נידריג קען זי צוליב דעם מאן געהעכערט ווערען, אבער אז די לאגע פון דער פרוי איז פאר דער חתונה געווען א הויכע, קען זי צוליב דעם מאן ניט ווערען נידעריג.

III.

איצט וועל איך ברייגגען אייניגע משלים פון די גרעסטע חכמים פון תלמוד אונ פון זייערע תקנות צוליב דער טובה פון דער פרוי, בכדי די לעזעריגע זאלען האבען ארעכטען בעגריף וועגען דער פרויענפראגע לויט דעם תלמוד.

רבן גמליאל הזקן, דער יודישער נשיא (פירשט) פאר חרבן בית שני, האט געמאכט א תקנה, אז דער מאן וואס שיקט א גט זיין ווייב דורך א שליח, אונ דער נאך האט ער חרטה, וואס ער גט אפ דאס ווייב, בעדארף מבטל זיין דעם גט נאר פאר דעם שליח אין די אויגען. די תקנה איז געווען, בכדי מציל זיין די פרוי פון איין אונגליק, ווייל אפט פלעגט דער מאן וועלען טהון צרות דער ווייב, לכן פלעגט ער זי גט'ען דורך א שליח אונ אז דער שליח איז אוועק געגאנגען מיט דעם גט, פלעגט דערנאך דער מאן קומען צום בית דין אונ פלעגט מבטל זיין דעם גט. דער שליח אונ דאס ווייב האבען דערפון ניט געוואוסט. דערנאך, אז דאס ווייב האט חתונה געהאט מיט א צווייטען מאן, האט דער ערשטער מאן זי בעקלאגט אין בית דין, אונ זי האט זיך געמוזט מיט דעם צווייטען מאן גט'ען, אונ די קינדער וועלכע זי האט געהאט פון דעם אנדערען מאן האבען זיך גערעכענט ממזרים. רבן גמליאל הזקנ'ס תקנה האט זי אבער פון אזא אונגליק מציל געווען.

רבן גמליאל דיבנה, זיינער איין אייניקעל, וועלכער איז געווען א נשיא אין דער שטאט יבנה נאך דעם חרבן־המקדש, האט ארויס געזאגט זעהר א וויכטיגעס ווארט וועגען דער פרוי: איינמאל האט מען ביי איהם געפרעגט, פאר וואס זאל דעם מאן ניט געהערען די גיטער, וועלכע זי, די פרוי, האט בעקומען בירושה, איידער זי האט חתונה געהאט, וועלכע זי מעג פערקויפען אונ דער מאן קען איהר ניט שטערען? אויף דיזע שאלה האט רבן גמליאל דיבנה געענטפערט מיט פערדרוס: „פאר די נייע שעמען מיר זיך, ווילט איהר נאך ארויף ווארפען אויף אונז די אלטע אויך"! דאס הייסט: איז דען ניט א חרפה, וואס ביי אונז איז דא א דין, אז די גיטער וועלכע א פרוי בעקומט נאך דער חתונה טאר זי ניט פערקויפען, ווילט איהר נאך, אז זי זאל קיין שליטה ניט האבען אויף די גיטער, וועלכע זי האט בעקומען פאר דער חתונה!

רבי ישמעאל, איינער פון די גרעסטע תנאים אין רבן גמליאל דיבנה'ס דור, האט פערגרינגערט דעם דין פון א סוטה (א פרוי וואס איהר מאן איז זי חושד, אז זי איז איהם נישט געטריי). חאטש די תורה הייסט דעם מאן, אז ער זאל פיהרען די דאזיגע פרוי צום כהן, זאגט רבי ישמעאל, אז אויב דער מאן וויל מוחל זיין דעם ווייב, אונ ניט פיהרען צום כהן אנטרינקען זי די מים המאררים, מעג ער איהר מוחל זיין.

אט דער רבי ישמעאל פלעגט זעהר רחמנות האבען אויף ארימע יודישע טעכטער. איינער האט אמאל א נדר געטהון, אז ער זאל ניט חתונה האבען מיט זיין שוועסטער'ס טאכטער (לויט דער גמרא איז א מצוה חתונה האבען מיט א שוועסטער'ס א טאכטער). האט רבי ישמעאל געהייסען אויספוצען דאס ארעמע קינד, אונ האט גערופען דעם חתן, אונ האט איהם געפרעגט: „וועגען דיזער האסט דו געטהון א נדר?" דער חתן האט אבער געענטפערט: „ניין!" ווייל דאס אויסגע־

---

נישט אריינגעקוקט די זון פון דער אמת'ע, דער ריינע, דער הייליגע ליעבע. אין אזא שטוב איז געבאהרען געווארען אונ אויסגעוואכסען אונזער העלד פונ'ם ראמאן אונ פון אזא שטוב האט ער זיך בעצייטענס ארויסגעריסען.

עס איז אפגעגאנגען א האר, אז אונזער יונגער העלד זאל פאהרען צוריק א היים, ווארום ס'איז נישט געווען וואו איהם איבערצולאזען. חאטש פישמאן איז א יוד א הארטער אונ א גרויסער דעמפאט. פון דעסטוועגען האט ער נישט געוואלט איבעלאזען זיין דוד'ן גלאט אזוי אין א שטוב, וואו ער זאל ניט האבען אלסדינג וואס ער פערלאנגט, אונ אגב האט זיך איהם געגלוסט אפגעבען אויף רעכטע הענד, וואו מע זאל האבען אויף איהם השגחה — אונ גאט האט איהם צוגעשיקט עפים איינעם, נישט קיין רייכען מענשען, א לעהרער וואס האלט ביי זיך צוויי דריי פרעמדע קינדער אויף אלעם גרייטען. דעם לעהרער האט איהם געגעבען זיינער א בעקאנטער סוחר, אויך פון די פישערס, אדער ווי מע רופט זיי פון די דאנשטשיקעס, וואס יענער האט געהערט פון זיינעם א בעקאנטען, וואס האט געהערט פון נאך א בעקאנטען, אז ס'איז פאראן א זעלכער אונ א זעלכער, וואס נעהמט צו זיך אין שטוב אריין לערנען אונ ערציהען יודישע קינדער אויפ'ן שענסטען אופן אונ נישט טייער. פישמאן האט נישט לאנג געטראכט אונ האט געשיקט רופען צו זיך דעם דאזיגען לעהרער, האט איהם דער דאזיגער לעהרער בעפוילען, אז אויב פישמאן בעדארף צו איהם האבען, מעג ער קומען צו איהם... דאס איז אונזער מאזעפעווקער גביר דווקא געפעלען געווארען: סטייטשט, א לעהרער, א קבצן זאל האבען א העזה אזוי צו ענטפערען א גביר, בעדארף מען איהם גיהן אנקוקען, וואס פאר א מין נפש קאן דאס זיין. פישמאן האט גענומען מיט זיך דוד'ן אונ איז געגאנגען צום לעהרער.

געקומען צום לעהרער, האט ער איהם געטראפען בשעת ער האט געגעסען. האט ער בעפוילען דורך דער דינסט:

— געהט, זאגט איהם, אז איך בין געקומען.

האט איהם דער לעהרער געשיקט פרעגען:

— ווער איז דער „איך"?

— איך, פישמאן פון מאזעפעווקע.

— לאז פישמאן פון מאזעפעווקע צוווארטען א ביסעל אין זאל ביז איך וועל אפעסען.

דאס איז אויך געפעלען געווארען אונזער מאזעפעווקער גביר אונ ער האט שוין ארויסגעקוקט, געוואלט זעהען דעם נפש. עס האט לאנג געדויערט אונ דער נפש האט זיך בעוויזען, א קליין שווארץ יודיל מיט א גרויסע ליסינע, מיט קליינע שווארצע שארפע אויגען מיט ברילען, מיט א קליין שווארץ בערדיל אונ מיט א רוהעוודיג פנים אונ אינגאנצען א רוהעוודיגער. א פארשוין פון גאלע נערווען.

צווישען דעם דאזיגען נערוונע לעהרער מיט'ן מאזעפעווקער

פוצטע קינד איז געוואָרען שען, איז זי דעם חתן זעהר געפעלען געוואָרען. דאמאלס האט רבי ישמעאל אנגעהויבען וויינען פון עגמת נפש, אונ האט געזאגט: "יודישע טעכטער זענען שען, נור די אָרעמ־קייט מאכט זיי מיאוס".

(פאָרטזעצונג קומט).

שלמה בערמאן.

# דאס אמאליגע קינד.

דאס אמאליגע קינד איז געוועזען אנגעהאנגען אן דער מוטער, אונ די אמאליגע מוטער איז געוועזען צוגעבונדען צו איהר קינד — דאס געפינען מיר אפילו ביי די ווילדעסטע מענשען, וועלכע זענען נאך זעהר ווייניג ענטוויקעלט.

ווי אבער האט געזארגט די אמאליגע ווילדע מוטער פאר איהר קינד? ווי אזוי איז געוועזען איהר מוטערליכע געפיהל צום קינד?

נישטא אזא לאנד, וואו מען וואלט געקענט זעהען די ווילדע פרוי אין איהר סאמע ערשטען ווילדען צושטאנד.

נאך גאר אין די פריהערסטע צייטען, פון וועלכע מען קען געפינען א זכר אין דער געשיכטע, האבען שוין די ווילדע מענשען געוואוסט פון פייער; חאטש דער מענש האט נאך קיין השגה ניט געהאט, ווי אזוי מען קען פייער אויסנוצען אין אלע אופנים, פונ־דעסטוועגען איז ער שוין געוועזען עטוואס מענשליך ענטוויקעלט, נישט אין גאנצען גלייך צו די חיות אונ בהמות.

אונ אין יענע אמאליגע גאנץ ווילדע צייטען, באגעגענען מיר צווישען די מענשען צוויי וויכטיגע מדרגות פון ענטוויקעלונג, וועלכע זיי האבען דאמאלס דערגרייכט.

איינע איז געוועזען די יעגעריי — בשעת דער מענש האט זיך אויסגעלערענט מיט פשוט'ע אונ איינפאכע כלי־זין פאנגען חיות אין שרעקליכען וואלד. די צווייטע מדרגה איז געוועזען — דאס מוטער־ליכע געפיהל אונ די זארג פאר דעם קינד, וועלכע איז זעהר שווער אנגעקומען דער אמאליגער פרוי.

וויפיעל צרות, וויפיעל בלוט, וויפיעל צייט האט געקאסט דעם מענשען, ביז וואנען עס האט זיך צו עטוואס אויסגעארבייט דעם מענשענס שכל, דעם מענשענס געפיהל, סיי ביי דעם יעגער, סיי ביי דער אמאליגער מוטער.

די ווילדע "וועדען" האבען געזאגט אין א סך א שפעטערע צייט, אז דעם מאנסביל קומט גן־עדן אויפ'ן זון דערפאר, ווייל ער פאנגט חיות, אונ דער פרוי דערפאר — ווייל זי זארגט פאר איהר קינד.

אונ אמת'ע העלדען זענען געוועזען די ערשטע מענשען אויף דער וועלט, וועלכע האבען זיך דאמאלס אויסגעלערענט צו נוצען כלי זין, צו פאנגען חיות, בכדי צו ערהאלטען זייער לעבען; אונ א מעכטיגע העלדין איז געוועזען די אמאליגע ווילדע פרוי, וועלכע האט געמוזט מיט גרויסע כחות קעמפפען אונ זארגען פאר איהר קינד, וואָרום שרעקליך אונ גרויזאם איז געוועזען די מלחמה פאר'ן לעבען אמאל אין די ערשטע צייטען פון דער מענשען־געשיכטע.

שטעלט זיך נאר פאר דעם אמאליגען ווילדען יעגער אין די פינסטערע געדיכטע זיד־אמעריקאנישע וועלדער, וועלכע זענען געוועזען פארוואקסען מיט זעהר הויכע, דיקע בוימער.

נישט הויך אויף א גרויסען בוים, באדעקט מיט געדיכטע צוויי־גען, ליעגט דער נאקעטער ווילדער מענש אונ קוקט מיט ביידע אויגען ארום אונ ארום, ווייט אין טיעפען געדיכטען וואלד אריין. ער קלעבט זיך צו צום צווייג, אונ ליעגט שטיל, רוהיג, געדולדיג... ער וואַרט, ער זוכט זיך אויס עפיס צום עסען. אלע זיינע חושים זענען ביי איהם אזוי פיעל אנגעשטרענגט, אז ער דערזעהט ארום אונ ארום דעם מינדעסטען קעהר פון יעדעם בלעטעלע, ער דערהערט דעם שטילסטען גערויש פון יעדעם גרעזעלע, אונ אין דעם מאמענט, ווען ער בעמערקט

---

גביר איז פארגעקומען א געשפרעך, וועלכען מיר געבען דא איבער וואָרט ביי וואָרט אהן א שום צוזאץ, האפענטליך, אז איטליכער וועט שוין פערשטעהן וואסערע ווערטער געהערען צום לעהרער אונ וואסערע ווערטער געהערען צום מאזעפעווקער גביר:

— שלום עליכם, מה שמכם? פון וואנען איז א יוד? וואס איז אייער טהועכץ? אונ וואס ווילט איהר פון מיר?

— פישמאן פון מאזעפעווקע, א יוד א פישער, איך וויל איבערלאזען דא מיין זוהן, ער זאל זיך לערנען.

— א יוד א פישער? וואס זשע דארפט איהר מאכען אייער זוהן פאר א דאקטאר? לערענט איהם בעסער פישעריי.

— חלילה, ווער האט אייך געזאגט, אז איך וויל מאכען מיין זוהן פאר א דאקטאר? פאר א קערביל קריגט מען היינט דעם גרעס־טען דאקטאר, אונ פאר נויט איז צוויי קערבליך.

— וואס זשע דען ווילט איהר לערנען אייער זוהן?

— איך ווייס וואס? אט די היינטיגע אלע שמאכטעליאקעס דארטען, קראנצעפאליע מיט נאגראפיע מיט רעדען פראנצויז...

— ווי א מלפע הייסט דאס ווילט איהר איהם לערנען טאנצען, געהן אויף א שטריק?

— וואס דען מיינט איהר? אלע זענען מאלפעס, אלע געהען אויף א שטריק. אט האט מיך מיין טאטע עליו השלום נישט גע־פיהרט קיין אדעם זיך לערנען נאגראפיע, פון דעסטוועגען, גאט צו דאנקען, הלואי אויף מיינע קינדער ניט ערגער.

— דאס זעהט מען ארויס... הכלל ווילט איהר הייסט דאס אייער זוהן איבערלאזען ביי מיר אויף אלעם גרייטען? ווי אזוי איז אייער יונגעל? וואס האט ער אין קאפ א חוץ פיש?

— א חוץ פיש האט ער נאך א ביסעל שכל אויך אונ קיין עזות פנים איז ער ניט, דאס זאג איך אייך געוויס, סיידען איהר וועט איהם אויסלערנען...

— עס וועט אייך אבער נישט קאסטען וואלוועל.

— שרעקט מיך נאר נישט מיט קיין געלד, איך בין שוין אויס־געשטאנען גרעסערע צרות אויף מיין לעבען...

— ווייסט איהר וואס איך וועל אייך זאגען? איהר הויבט מיר אן צו געפעלען.

— ווייסט איהר וואס איך וועל אייך זאגען? איהר זענט מיר באלד געפעלען. . . " . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיי האבען זיך בעדונגען אונ דוד איז געבליבען איין אדעסער.

(פאָרטזעטצונג קומט).

די חיה, וועלכע ער קען פאנגען, גיט ער זיך א וואורף פלינק ווי א בליץ און טוידטעט זי. און האט ער עס נישט געקענט אליין אויספיהרען, האט ער זיך פערבונדען נאך מיט ווילדע מענשען, בכדי צו פאנגען די שטארקערע חיה.

פיעל כח, מוטה און אפפער האט געדארפט האבען דער אמאליגער יענער אין זיין מלחמה מיט דער שרעקליכער און שטארקער נאטור-וועלט. דאס האט איהם געמאכט פאר א העלד, וועלכען די מענשען האבען לאנג נישט פערגעסען.

און אפשר נאך מעהר מוטה האט בעדארפט די העלדין, די מוטער, בכדי צו זארגען פאר איהר קינד.

אין דעם זעלבען פינסטערען און געדיכטען וואלד ליעגען ווילדע מענשען אונטער א דאך פון צונויפגעצויגענע צווייגען, בעדעקט מיט ריטער, גראז, עס ליעגען קליינע און גרויסע, מאנסבילען און פרויען — דאס איז זייער היים.

צו א בעשטימטער צייט, ווארפט די פרוי אוועק איהר היים, זי טראכט נישט וועגען הונגער און דארשט, געהט אוועק פון אלעמען און זוכט זיך ערגיץ איין ארט אין דעם טיעפען וואלד, אין דעם גרויסען גראז.

אלע בוימער, אלע גראזען רעש'ן ארום און ארום, דער ווינד שאקעלט און וויעגט זיי מיט גרויסער מאכט.

די פרוי ליעגט אין די גראז, גרויסע צווייגען און בוימער בעדעקען זי געדיכט.

די פרוי ציטערט, עס זאל פון ערגיץ-וואו נישט ארויסשפרינגען פלוצים א חיה און זי צורייסען.

זי זעהט ווי עס וויעגען זיך די גראזען, ווי עס שאקלען זיך די בוימער און בלעטער און טויזענדער שרעקליכע שטימען פון פינסטערען וואלד גיסען זיך צונויף מיט די קרעכצען פון יענער פרוי.

זי איז א מוטער געווארען...

נישטא קיין באבע, נישטא קיינער נעבען איהר. באלד נעהמט די מוטער איהר נייגעבוירענעס קינד אויפ'ן האלז, און זי געהט ווידער צו איהר היים...

קיין זאך אויף דער וועלט שפיעגעלט גיט אב אין זיך די גאנצע גייסטיגע און מאטעריעלע לאגע פון דער מוטער אויף אזוי פיעל, ווי איהר פערהאלטען צום קינד. די ארט, ווי אזוי זי זארגט פאר דעם קינד, אלץ וואס זי טהוט צוליעב דעם קינד און דער צוועק צוליעב וועלכען זי האדעוועט דאס קינד — בעווייזט אונז קלאר דעם גאנצען ענטוויקעלונגס-גאנג פון דער מוטער.

(ענדע קומט).

ש. בעלעני.

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(גימנאסטיק פאר פרויען). דער קיעווער פעדאגאגישער פעראיין פון פרויען-גימנאזיעס האט בעשלאסען, איינצופיהרען אין אלע קיעווער פרויען-גימנאזיעס אלס חוב צו לערנען מיט די שילערינען גימנאסטיקע, מען האט צו דעם צוועק געלאזט בויען א ספעציעלען זאל פאר גימנאסטיקע און מען האט איינגעלאדען א לעהרערין פון שטאקהאלם, וועלכע פערשטעהט צו לערנען מיט מיידלעך גימנאסטיקע.

(איין אלגעמיינע פערזאמלונג פון פרויען-פעראיינען). פון דעם 6 ביז דעם 9-טען אקטאבער היינטיגעס יאהר וועט אין וויסבאדען זיין דער פינפטער דייטשער אלגעמיינער פרויען-קאנגרעס. דער בונד פון די פרויען-פעראיינען איז געגרינדעט געווארען אין יאהר 1894 און האט געהאט 34 פערשיעדענע פעראיינען. דער צוועק פון דעם דאזיגען בונד איז געווען צו פערבעסערן די לאגע פון די פרויען איןווירטשאפטליכען און געזעלשאפטליכען לעבען. היינטיגעס יאהר געהערען שוין צום בונד 150 פעראיינען, אין וועלכע עס זענען דא מעהר פון 80,000 מיטגליעדער.

(א פרוי א רעדאקטארין). די פרוי פון דעם הויף-ראטה גירס אויס רוסלאנד האט בעקומען די ערלויבניש ארויסצוגעבען אין סימפעראפאל א צייטונג מיט דעם נאמען: „Крымскій Листокъ“.

(ניעקראלאג). נישט לאנג איז געשטארבען די ערשטע דאקטארין דער מעדעצין אין אמעריקא מאריא זאקריזעווסקא. די דאזיגע דאקטארין שטאמט פון פוילען און איז געבארען אין יאהר 1819 אין בערלין און דארטען איז זי אויך ערצויגען געווארען. זייענדיג נאך גאר א יונג מיידעל, האט מאריא זאקרזעווסקא אנגעהויבען שטודירען מעדעצין און אז זי האט איהר שטודיום געענדיגט, איז זי אנגעקומען אין א בערלינער שפיטאל, דארטען האט מען איהר ערלויבט נאר השגחה צו געבען אויף די קראנקע, אבער נישט זיי פערשרייבען רעצעפטען און דריבער איז זי אוועק קיין לאנדאן, וואו זי איז איינינע יאהר געוועזען אין א שפיטאל פאר פרויען אלס דאקטאר. אין יאהר 1859 האט זי בעקומען איין איינלאדונג צו קומען אין דער אמעריקאנישער אקאדעמיע פאר פרויען אלס לעהרערין. דריי יאהר שפעטער האט זי זיך אבגעזאגט פון דער לעהרער-שטעלע און האט געגרינדעט איין האספיטאל פאר פרויען, וועלכעס איז מיט דער צייט געווארען דאס גרעסטע האספיטאל פאר פרויען און קינדער אין אמעריקא. 40 יאהר איז זי געוועזען די ערשטע ערצטין אין דעם דאזיגען האספיטאל, איהר גאנץ לעבען האט זי די קראנקע אוועקגעגעבען. איהר שטרעבען איז געוועזען די קראנקע פרויען און קינדער געזונד צו מאכען אדער וועניגסטענס, זיי צו פערלייכטערן זייערע שמערצען.

(בערלינער הויז-פרויען-פעראיין). נישט לאנג איז אין בערלין געוועזען איין אסיפה פון אלע בערלינער פרויען-פעראיינען. דער צוועק פון דער אסיפה איז צו ארבייטען געגען דעם פלייש-יקרות, וואס הערשט איצט אין בערלין, און עס איז בעשטימט געווארען, אז מען זאל דערלאנגען א בקשה צום רייכסטאג, ער זאל זארגען די פלייש-נויט צו פערקלענערען.

## II.

## יודישע נייעס.

(א יודישעס מעדכען א דאקטאר אין טוניס). אין טוניס (אפריקא, וואס געהער צו פראנקרייך) איז א יודישעס מעדכען, מאלכא, געווארען א דאקטאר דער מעדעצין. די דאזיגע מאלכא האט איהר שטודיום געענדיגט אין איטאליען. אין דער שטאדט טוניס איז דא נאך א פרוי א דאקטאר און זי איז אויך א יודין אויס רוסלאנד, זי הייסט גארדאן.

# אַ גוט האַרץ.

(אַ בילד).

(ענדע).

חַיָה-בְּרַיינֶע אִיז צוּ דְבוֹרָה רֶב אַבָּא'לֶעס אַרַיין גֶעקוּמֶען.

דִי דִיעֶנְסְט הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶער מַאדַאם, אַז דִי יוּדֶענֶע, וָואס קוּמְט שְׁטֶענְדִיג פְרַייטָאג, אִיז אִיצְטֶער גֶעקוּמֶען; דִי מַאדַאם הָאט אִיהר אִין עֶס-צִימֶער גֶערוּפֶען, אוֹיף דֶער גִיך הָאט חַיָה-בְּרַיינֶע דִי שְׁנֶעע פוּן זִיך אַרָאבּ גֶעטְרֵייסֶעלְט, דֶעם שְׁטֶערֶען-טִיכֶעל אוֹיפְ'ן קָאפּ פֶערִיכְט, אוּנ אִיז אִין עֶס-צִימֶער אַרַיין, דִי קַאלָאשֶׁען אוֹיף דִי שׁוּך. דֶערִיבֶּער אֶפְשַׁר הָאט זִי דִי שְׁטוּהל אַ צִיה גֶעטְהוּן צוּם טְהִיר אוּנ גֶעזֶעצְט זִיך דָא, בַּיי'ם אַיינְגַאנְג, נִיט גֶערוּקְט זִיך צוּם טִישׁ. דְבוֹרָה, אַשְׁלַאנְקֶע פְרוֹי, פוּן מִיטֶעלֶע יָאהרֶען, מִיט אַ קְרַאנְק פָּנִים, הָאט אוֹיך צוּגֶערוּקְט אַהֶער אַ שְׁטוּהל פַאר זִיך, גֶעזֶעצְט זִיך, אוּנ שְׁטִיל מִיט אַ צִיטֶער אִין שְׁטִימֶע גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס אִיז בַּיי אַייך פַאר אַ נַייעֶס? אִין מִיטְ'ן מִיטְוָואך זֶענְט אִיהר גֶעקוּמֶען, גֶעוִויס צוּלִיעבּ אַ גְרוֹיס אוּנְגְלִיק?

זִי אִיז בְּלַאס אוּנ צִיטֶערְט.

אֶפְשַׁר הָאט זִי בִּירוּשָׁה פוּן אִיהר פָאטֶער רֶב אַבָּא'לֶען, צוּ צִיטֶערְן פַאר דַחֲקוּת אוּנ אוּנְגְלִיק? אוּנ אֶפְשַׁר שְׁטַאמְט דָאס פוּן אִיהרֶע אָבְּגֶעשְׁוַואכְטֶע נֶערְוֶוען?

— אִיך הָאבּ נַייעֶס — עֶנְטְפֶערְט חַיָה-בְּרַיינֶע אוּנ הוֹיבְּט אָן שְׁטִיל-שְׁטִיל.

אַלֶע אַזֶעלְכֶע גֶעשְׁפְּרֶעכֶען אִין דֶעם צִימֶער צְוִוישֶׁען חַיָה-בְּרַיינֶע אוּנ דֶער וִוירְטְהִין וֶוערֶען אִין דֶער שְׁטִיל גֶעפִיהרְט, וִוי אַ סוֹד פֶערְטְרוֹיט נָאר פוּן אוֹיעֶר צוּ אוֹיעֶר.

שְׁטִיל, בְּסוֹד פֶערְצֶעהלְט חַיָה-בְּרַיינֶע מִיט אַ פֶערְבָּארְגֶענֶעם זִיפְץ, מִיט בְּגְנֵבָה'דִיגֶע הֶענְד-בְּרֶעכֶענִישׁ אִין דֶעם רַייכֶען צִימֶער.

דְבוֹרָה רֶב אַבָּא'לֶעס פֶערְאִינְטֶערֶעסִירְט זִיך, אוּנ חַיָה-בְּרַיינֶע פֶערְצֶעהלְט בַּאֲרִיכוּת.

אַיוּנְגֶע פָּאר-פָאלְק אִיז, נֶעבִּיך. צֶעשֵׁיידְט אוּנ צֶעשְׁפְּרֵייט: זִי — דָא, עֶר — דָארְטֶען, פַּרְנָסָה אִיז עֶר גֶעפָאהרֶען זוּכֶען, אוּנ אִיז אַוֶועק אִין לָאנְדָאן. דָא אִיז עֶר אַ זֵייגֶער-מַאכֶער גֶעוֶוען, דָארְטֶען הָאט עֶר אִין אַקָאנְפֶעקְטֶען-פַאבְּרִיק גֶעאַרְבֵּייט. גָאר גוּט: עֶר הָאט אִיהר צְוֵויי מָאל גֶעלְד גֶעשִׁיקְט אוּנ גֶערֶעכֶענְט נֶעהמֶען זִי צוּ זִיך. פְּלוּצְלִינְג — אוֹיס אַרְבֵּייט! אִין אַ צַייט אַרוּם שְׁרַייבְּט עֶר, אַז עֶר הוּנְגֶערְט... אִיצְט אִיז שׁוֹין פוּן אַ הַאלְבּ יָאהר צַייט קַיין בְּרִיעף פוּן אִיהם נִיטָא. זִי מוּטְשֶׁעט זִיך דָא מִיט דְרַיי קִינְדֶערְלֶעך אוּנ פַּיינִיגְט זִיך וֶועגֶען אִיהם, זִי וֵוייס נִיט, וָואס אִיז מִיט אִיהם. ווִיל זִי פָאהרֶען זֶעהן, זוּכֶען, גֶעפִינֶען אִיהם... אַיוּנְגֶעד נָאך — אָנְגֶעפֶעהר צְוֵויי-אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר — וָואס זָאל זִי חַשְׁכְ'ן? אֵיין עֲגוּנָה, חָלִילָה, בְּלַייבֶען...

זִי הָאט אַ טִיעפֶען זִיפְץ גֶעטְהוּן, אוּנ זִי הָאט זִיך אַלֵיין דֶערְשְׁרָאקֶען פַאר אִיהר „צוּטִיעפֶען" זִיפְץ, וָואס הָאט אִיהר אָבְּגֶעקְלִינְגֶען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען רַייכֶען צִימֶער.

— מֶען מוּז דָאך פִינְף-אוּנ צְוַואנְצִיג רוּבֶּעל בֶּעקוּמֶען פַאר אִיהר.. וואוּ זָאל אִיך דָאס נֶעהמֶען? אִיך הָאבּ זִיך שׁוֹין גֶענוּג אָנְגֶע-בָּארְגְט אוֹיף אַלֶעץ... הַיינְטִיגֶע צָרוֹת מִיט הַיינְטִיגֶע נְסִיעוֹת, דִי מְרַחֲקִים!..

— פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג אִיז גָאר וֵוינִיג — זָאגְט דְבוֹרָה: מֶען קֶען דָאס אוֹיסְרֶעכֶענֶען אַ נְסִיעָה?...

— זִי וֶועט אוֹיסְרֶעכֶענֶען — מַאכְט חַיָה-בְּרַיינֶע: וֶוער עֶס דַארְף אוֹיסְרֶעכֶענֶען — רֶעכֶענְט אוֹיס...

דְבוֹרָה רֶב אַבָּא'לֶעס הָאט מִיט דֶעם קָאפּ גֶעשָׁאקֶעלְט, זִי הָאט פוּן אַ טַייסְטֶער אֵיין אַסִיגְנַאצִיֶע בֶּעקוּמֶען אוּנ דֶערְלַאנְגְט חַיָה-בְּרַיינֶען, אוֹיך בְּסוֹד, פוּן הַאנְד אִין הַאנְד.

— דִי אֵיינְצִיגֶע שְׁטוּב — מַאכְט דִי אַלְטֶע — אִיז בַּיי מִיר אֵייעֶרֶע, וואוּ אִיך קָאן דִי צָרוֹת דֶערְצֶעהלֶען אוּנ זִיך אַיין עֵצָה הַאלְטֶען... נָאך אַזַא שְׁטוּב הָאבּ אִיך נִיט...

— זִיצְט דָא אַוַוייְלֶע — בֶּעט דִי גְבִירָה, אוּנ גֶעהט אַרוֹיס אִין אַ צְוֵוייטֶען צִימֶער, צוּמַאכֶענְדִיג נָאך זִיך פֶעסְט דִי טְהִיר.

— אַ טְהַייעֶר וַוייבֶּעל — טְרַאכְט חַיָה-בְּרַיינֶע: רֶב אַבָּא'לֶעס אַ טָאכְטֶער אִיז נִיט אַבִּי וֶוער... צוּפְרִיעדֶען מִיט דֶעם, וָואס רֶב אַבָּא'לֶע הָאט אַזַא גוּט-הַארְצִיגֶע טָאכְטֶער נָאך זִיך אִיבֶּער גֶעלָאזְט, פִיהרְט זִי אַרוּם אִיהרֶע בְּלִיקֶען אִין צִימֶער — אוּנ זִי וֶוערְד אַלְץ מֶעהר אוּנ מֶעהר פֶערְוואוּנְדֶערְט, זִי גְלוֹיבְּט נִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען. זִי שְׁטֶעלְט זִיך אוֹיף פוּן שְׁטוּהל, זִי צִיהט אוֹיס אַ הַאלְבֶּען קֶערְפֶּער אוּנ קוּקְט זִיך צוּ אוּנ זִי שָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ אוֹיף דֶעם, וָואס זִי הָאט דֶערְזֶעהן אוּנ דֶערְוואוּסְט. „נֶעהמֶען פָּארְצֶעלַיינֶענֶע טֶעלֶער מַאכֶען אִין זֵיי לֶעכֶער אוּנ אוֹיף הֶענְגֶען אוֹיפְ'ן וַואנְד?! דָאס אִיז אַיין עֲבֵרָה" — קְלֶעהרְט זִי קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִי אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶע וֶוענְד.

— אַיין אֱמֶת'ר גוּטֶער יוּד אִיז טַאקִי נָאר רֶב אַבָּא'לֶע גֶעוֶוען — דֶערְמוּנְטֶערְט זִי זִיך אִין דֶער מַחֲשָׁבָה אוּנ זִי דֶערְמַאנְט זִיך אַ מַעֲשֶׂה'לֶה, וָואס וֶוערְד אִין דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט פֶערְצֶעהלְט. אַז מֹשֶׁה בֶּער, רֶב אַבָּא'לֶעס זוּהן, הָאט זַיין מוֹיעֶר אוֹיסְגֶעמוֹיעֶרְט, הָאט עֶר דִי פָּאדְלֶעגֶעס גֶעלָאזְט פַארְבֶּען: עֶר הָאט דִי מָאדֶע דֶערְפוּן אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט. שַׁבָּת, אוֹיף חֲנוּכַּת-הַבַּיִת, זָאגְט צוּ אִיהם דֶער פָאטֶער, רֶב אַבָּא'לֶע ע"ה:

— שׁוֹטֶה דוּ, וָואס הָאסְט דוּ דָאס גֶעטְהוּן? אַצוּנְד וֶועט דָאך צוּ דִיר קַיין רֶעכְטֶער מֶענְשׁ נִיט קֶענֶען אַרַיין קוּמֶען...

— וואָרוּם?

— צוּ גֶעפַארְבְּטֶע פָּאדְלָאגֶעס דַארְף מֶען אִין קַאלָאשֶׁען אַרַיין קוּמֶען, אוּנ אַרֶעכְטֶער מֶענְשׁ הָאט דָאס נִיט, פֶערְשְׁטֵיעהט זִיך...

חַיָה-בְּרַיינֶע וַוארְפְט אַבְּלִיק אוֹיף אִיהרֶע קַאלָאשֶׁען, זִי זֶעהט טַאקִי וִוי זֵיי הָאבֶּען דִי פָּאדְלָאגֶע דָא פֶערְשְׁמוּצְט, נָאר אִיהר אַרְט עֶס אִיצְט נִיט.

— רֶב אַבָּא'לֶע אִיז גֶערֶעכְט! — מַאכְט זִי אִין דֶער מַחֲשָׁבָה, אוּנ גֶעפִינְט אִין דֶעם אַ טְרֵייסְט. דְבוֹרָה אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען, אוּנ נָאך אִיהר — אַ שְׁלַאנְקֶע עֶדְלֶע פְרֵיילֵיין.

— מַיין טָאכְטֶער — מַאכְט דִי מוּטֶער מִיט פֶערְבָּארְגֶענֶעם שְׁטָאלְץ.

דִי פְרֵיילֵיין הָאט זִיך חֵנֶו'דִיג גֶענֵייגְט, אָנְגֶעבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ מִיט דִי שֶׁענֶע גֶעפְלָאכְטֶענֶע הָאר.

חיה־ברײנע טהוט זיך שנעל פון שטוהל אהויב, און זעצט זיך צוריק. די מוטער און די טאכטער בלייבען שטעהן.

— זיי זענען דאס די גבאי'טע, — זאגט די מוטער צו דער טאכטער, — די אלט־מאדישע פערזאָרגערין פאר אָרעמע, — גוט זי צו מיט שמייכעל.

— איין אלט־מאדישע? ווי איך קאן... מאכט חיה־ברײנע.

— מיין טאכטער — זאגט די מוטער איז אויך א גבאי'טע, ווי מען פלעגט דאס אמאל אנרופען. שטענדיג איז זי פערטהון, אדער אין דער „אָרעמע־קיך", אדער אין „פאנד"...

די אלטע האט נאר מיט די אויגען געפונטעלט, און וואס איז „פאנד" האט זי ניט געוואוסט.

— מיין טאכטער געמט זיך אן דאס געלד צו שאפען פאר דער ווייבעל...

— אך, אך! — דאט זיך די אלטע אויפגעשטעלט: זאל אייך גאט ממלא זיין אין וואס איהר פערלאנגט נאר! אטהײרע טאכטער! אזא לעבעדיגע מצוה! גאר געראטעוועט!

די פריילײן האט מיט א מאטען בליק פון איהרע שענע בלויע אויגען דורכגעדרונגען די בעגײסטערטע אלטע יודענע.

— ווען וועט דאס זיין, פריילײן? איהר זייט מבטיח? — זי האט זיך נעהנטער צוגערוקט, און די פריילײן האט זיך צוליעב דעם, ווי עפיס העכער אויסגעצויגען, אום ניט אבצוריקען זיך הינטער, און בעליידיגען די אלטע מיט אזא בעוועגונג.

— א מצוה גדולה... „זי" איז אויך איונג־בלוטעלע... „זי" וויל פאהרען דעם מאן געפינען...

— דאס וועט זיין די צווייטע וואך — ענטפערט די פריילײן.

עפיס האט דער אלטען בײ'ם אויער א ריהר געטהון: אזא זיס ווייך קול — „טאקי" „א לב־טוב" — האט די אלטע געטראכט.

— דעם גאנצען טאג בעשעפטיגען זיי זיך מיט... די... גבאות? — פרעגט די פריילײן.

— איך? — מאכט די אלטע צעמושט פון דעם ווארט: „זיי" — ווי גאט גיט... מען קאן דאך ניט קומען צו א מענשען, אריין ווארפען איהם די נדבה פון יענער זייט טהיר און אוועק לויפען... — אזא צדקה איז נור א פאטש אין פנים... „זיי" זענען דאך אויך לעבעדיגע מענשען, און א גוט ווארט איז פאר זיי אפשר די בעסטע נדבה... געוויס האב איך קיין צייט ניט: איך וויל גאר איצטער געהן אין שפיטאל צו א ווייבעל געוואהר־ווערען...

— די צווייטע וואך וועט איהר דאס געלד בעקומען... נאכ'ן באל — זאגט דאס פריילײן.

— וואס איז דאס?

— איין אבענד פון טענץ און מוזיק צו פערברענגען פאר יונגע מענשען... מען שיקט פעראנדער איינלאדונגס־קוויטען, וועלכע ווערען בעצאהלט...

די אלטע האט די הענד איבער געפלאכטען, מיט דען קאפ צו געשאקעלט און געהערט, און געהערט די ווייכע שטימע און די זיסע ווערטער.

— די קומענדע וואך — האט די פריילײן ענדליך נאך אמאל ארויס געזאגט.

— דאס איז בעשטימט — האט די מוטער צוגעגעבען, מיט ליעבע קוקענדיג אויף דער טאכטער. חיה־ברײנע האט זיך גענייגט בײם געזעגענען זיך און געדאכט: — א גרויסע מצוה... בײ א זיווג וועט דאס אייך ביישטעהן!

דאס פריילײן האט זיך אויך גענייגט און געזעגענט.

חיה־ברײנע איז פון שטוב ארויס.

איהר הארץ איז איבערפול געוועזען, ווי נאך א גרויס געוואונש.

„נאך שבת, אם־ירצה־השם — קלערט זי — וועט דאס ווייבעל בעקומען דאס געלד... א שמחה איז בײ זיי אין שטוב... און אויף דער שמחה וועט עס די פריילען צונויף זאמלען... אויף דער שמחה בײ זיי וועלען געוויס א סך מענשען זיין, און דאס זענען דאך אלע גבירים!..."

אזוי קלערט חיה־ברײנע. נאר איהר פערדריסט, וואס זי האט זיך ניט דערקונדיגט, וואס פאר א שמחה איז בײ זיי, א תנאים, צי א חתונה...

— ניין — ענטפערט זי זיך אב: א תנאים צי א חתונה וואלט איהר דבורה אליין אויסזאגען און געבען איהר בײ אזא צופאל א שעהנע נדבה טאקי פאר ארמע...

פליצלינג שטעלט זי זיך צו: „בעצאהלטע קוויטען" — וואס פאר א קוויטען? זי האט עפיס ניט גוט איינגעהערט...

„מוזיק, טענץ און קוויטען" — זי קאן די ווערטער גאר ניט פערשטעהן. און דאס רעטעניש הויבט איהר אן באלד צו שרעקען... זי פיהלט, אז דא איז עפיס ניט אזוי...

זי וועט זיך אומקעהרען און וועט פרעגען — אזוי בעשליעסט זי.

זי קומט אריין אין קיך און שיקט די דיענסט אנזאגען דער מאדאם, אז זי איז ווידער דא. בײ דער מאדאם האט זי געבעטען זעהען זיך מיט דער פריילײן. אין עסצימער האבען זיי זיך ווידער בעגעגענט — „ביידע גבאי'טעס"... האט די מוטער געטראכט.

— האט קיין פעראיבעל ניט, וואס איך בין אייך מטריח, — זאגט ארויס חיה־ברײנע מיט א ציטערדיג קול, — איהר ווילט גאר, אז מען זאל פאר די געלד טאנצען?...

די לעצטע ווערטער האבען זיך בײ איהר פון צונג ארויס געגליטשט, גאר אונגעריכטערהייט, זי האט אליין וועגען דעם ניט גערעכענט פריהער. דאס פריילײן האט ברייט געעפענט איהרע שענע, בלויהע אויגען.

— מען לאדעט איין יונגע מענשען צו פערברענגען איי אבענד — זאגט דאס פריילײן געלאסען — און דאס געלד, וואס...

— דאס איז אויך ניט כדאי, — רייסט איבער חיה־ברייניע, און איהר פנים ווערד בלאס, — אויפ'ן אומגליק פון איין ארעם ווייבעל געהט מען גאר טאנצען?!...

די פריילען האט א ציטער געטהון פאר עפיס א גראבען חשד, וואס די אלטע יודענע ווארפט איהר אין פנים אריין.

— טהוט מיר די טובה, פריילין,—גיט זיך איין עצה, דאס געלד צו בעקומען מיט איין אנדער מיטעל... מען דארף דעם ארעמאן אויך אין זינען האבען... „חוזק" מאכען פון דעם טויג ניט..

די פריילין האט געשוויגען.

— א גוטען טאג! — זאגט ארויס חיה־ברייניע מוטהיגער, — איהר וועט זיך שוין איין עצה געבען, הא, פריילין? איהר וועט מיר די טובה טהון... נו, א גוטען טאג! —

חיה־ברייניע איז מיט האפנונג פון שטוב ארויס, און איז שנעל אוועק אין שפיטאל מבקר־חולה זיין.

ליפמאן לעווין.

---

# ערציעהונג.

## ניט זייט אזוי נייגיעריג.

(אויס דעם דייטשען)

— מאמע פאר וואס האט מיין פופע בלויע אויגען און אסתר'ס— ברויגע? — מאמע, ווען וועלען מיר שוין געהן צו דער מוהמע ביילה'ן? — מאמע, אז איך וועל זיין א גרויסער, וועל איך אויך האבען וואנסען? — מיט אזוינע פראגען רינגלען ארום דער מוטער די קינדער פון אלע זייטען און די ארימע מוטער פערשטאפט זיך די אויהרען און שרייט מיט כעס: קינדער! ניט פרעגט מיך אזעלכע נארישקייט, משוגע מאכען זיי מיך — וואס זענט איהר אזוי נייגיעריג?

— מאמע, אויף ווי פיעל „אויגליך" זאל איך שטריקען די סערוועט? פרעגט ביי דער מוטער אין דער זעלבער צייט דאס עלטערע טאכטערשע, האלטענדיג די פרענטלעך מיט די בוימוואל אין דער האנד, און גלייך בעקומט זי פון דער מוטער איין ערנסטען בעשטימטען ענטווער. דאס הייסט שוין ניט ביי דער מוטער נייגיעריגקייט — פערקעהרט: די טאכטער וויל וויסען, זי האט חשק צו קענען!

ליעבע מוטער! אויך דאס, וואס די קליינע קינדער האבען דיך געפרעגט איז ניט געווען קיין נייגיעריגקייט און נארישקייט, ווי דו רופסט עס אן; נאר אויך זיי, די קינדער, האט דער חשק צו וויסען געצוואונגען, אז זיי זאלען דיך אלעס פרעגען, ווי דער טאכטער, וואס האט ביי דיר געפרעגט, אויף ווי פיעל „אויגליך" די סערוועט אנצוהעבען. אויך די קליינע קינדערס פראגען זענען ניט אזוי נאריש, ווי דו מיינסט, דיר דאכט זיך נאר אפ אזוי. דו ביזט ניט געווען אויפגעלעגט צו ענטפוערן און דערפאר האסט דו ניט געוואלט בעמיהען זיך טיעפער בעטראכטען זייערע פראגען.

— זיי ניט אזוי אונרוהיג! אזוי שרייען מיר אפט אויף א קינד, ווען ער לאזט אונז ניט רוהען מיט זיינע שאלות און מיר פערגעסען גאר דערביי, וואס פאר איין אונרעכט מיר טהון דערמיט; דען דאס וואס ביי אונז הייסט „נייגיעריגקייט" און מיט וואס מיר בעקלאגען זיך אויף דעם קינד, איז עס גראד דער בעסטער כח, וואס געפינט זיך אין דעם קינד, וואס טרייבט איהם צו זיין גייסטיגער ענטוויקלונג.

„ציהט איהם דען ניט די נייגיעריגקייט מיט א חן, וועלכען ער קען ניט בייזשטעהען? וואלט ער דען אהן איהר ווען דערגעהן די בעציהונגען פון וועלטליכע זאכען איינער צו דער אנדערער"? אזוי פרעגט דער געניאלער דיכטער געטהע. היינט, אז ביי איין ערוואקסענעם מאן איז די נייגיעריגקייט נייעס צו דערגעהען די הויפט־בעדינגונג צו פערמעהרען זיינע ידיעות און קענטעניש, קען מען זיך שוין פארשטעלען, ווי נויטיג און נוציג דאס איז פאר א קינד, וואס קיין בעוואוסטען שטרעבען צו בילדונג האט עס ניט! די נאטור האט בכיון אין דעם קינד'ס נשמה געגעבען, געוואלדיגען חשק איינגעפלאנצט, אז אלץ, וואס עס זעהט ארום זיך, זאל עס וועלען אויספארשען און אויספרעגען, כדי זיין גייסט זאל זיך אהן מיהע און פאמעליך אויסבילדען. די נייגיעריגקייט איז א מתנה פון גאט פון גרויס ביז קליין. ווען ניט די נייגיעריגקייט וואלט קיין שום ענטדעקונג, קיין ערפינדונג ניט געמאכט געווארען אין דער וועלט, קיין קונסט־ווערק וואלט ניט בעשאפען געווארען און די מינדסטע זאך וואלט אהן דער נייגיעריגקייט ניט אויסגעפארשט געווארען. שלעכט איז נאר די נייגיעריגקייט, ווען זי ווערד געברויכט אין אזעלכע זאכען, וועלכע מוזען בלייבען סודות פאר'ן קינד.

גראדע די קינדער, וואס שטעלען נייגיעריגע שאלות זענען געראטהען און פעהיג. גלייכגילטיגקייט צו נייעס איז א סימן, אז דאס קינד האט א פלאכען מח, א סימן פון קינד'ס ארעמען שכל. מאוסע נייגיעריגקייט קען ביי א קינד גאר ניט געבען, דען נייגיעריגקייט אין שלעכטען זין קומט ארויס פון פערדארבענע מדות, וועלכע שלאפען נאך אין דעם קינדס הארץ, ווי, פיינדשאפט, רכילות, לשון־הרע, „פלאטקעס" א. ד. ג. — א קינד קען נאר אמאל איבעריגע זאכען פרעגען, אזעלכע קשיות, וואס ער וואלט זיי אליין געקענט פערענטפערן, ווען ער זאל קלערען אביסעל, אדער זיי וואלטען אין קורצען ממילא איהם פערענטפערט געווארען. אזעלכע פראגען קענען מיר ווי ווייט מעגליך ניט צולאזען, נאר ניט דערפאר, ווייל די פראגען דערעסען אונז, נאר דערפאר, וואס דערמיט געוועהנען זיך די קינדער צו פלוידעריי צו ריידען גלאט אין דער וועלט אריין אהן געדאנק.

אבער די פראגע; ווען וועלען מיר געהען צו דער מוהמען געהערט ניט צו די איבעריגע פראגען. אמת, דאס פערענטפערן פון אזא פראגע ריהרט ניט אן דעם קינדס גייסט, אבער זיין פראגע קומט אויך ארויס ניט פון זיין אונגעדולדיגקייט, וואס ער וויל די זאך בעשטימט וויסען, מעהר קומט די פראגע פון דעם, וואס ער וויל האבען די האפנונג אויף א פרייד צו געניסען, ווען ער וועט זיין ביי דער מוהמע ביילה'ן און ווען דו וואלסט איהם קורץ געזאגט דעם טאג, וואלסטו איהם שוין דעם נחת פערשאפט. נאר דאס איז פאר דיר, ליעבע מוטער, שווער געווען, אבער אנשטאדט אפאר ווערטער, ענט־

פערסט דו איהם אזוי פיעל: „קינדער! גיט פרעגט מיך אזעלכע נאר-רישקייט, משוגע מאכען זיי מיך, וואס זענט איהר אזוי נייגיעריג".

אמת, די קינדער, מיט זייער חשק אלץ צו פרעגען פאלען אונז צו לאסט און מיר קענען זיי גישט נאכגעבען; מיר מוזען זיך אבער בעמיהען צו גובר זיין אונזערע שוואכקייט און גיט פארביטען זיי צו פרעגען אונז. די גיט ארוים געשפראכענע פראגען, וואס דאס קינד טראגט אין זיך צו ליעב אונזער שטרענגקייט, ברענגען אין זיין קליין-יונג-הערציל פערדרוס און כעס און זיין גאנצע נשמה איז פער-ביטערט אויף אונז דערפאר, וואס מיר דערוואקסענע מענשען, וואס זענען איהם אזוי ליעב און טהייער, נעמען אזוי ווענינ אנטהייל אין דעם, וואס ער שעצט אזוי. איבער דעם ווערד זיין צוטרויען צו אונז קלענער, און אויב אזויגע בעהאנדלונגען זאלען קענען איהם אפט פאסירען, וועט דאס קינד אונז שוין קיינמאל גאר גישט פרעגען און וועט אלץ פערשטיקען אין זיין הערציל, וואס וועט שוין שלאגען מיט ווענינער ליעבע צו אונז, און דער מיט רויבען מיר ביי זיך אליין דאס שענסטע טהייל פון זיין נשמה, די ריינע ליעבע פון קינד, וועלכע איז אזוי צארט, עהרליך און אהן קריטיק. מיר דארפען זיך אויך נאכדעם גיט וואונדערן, ווען דאס קינד, אז עס הערט אן צו געהן אין חדר, איז גלייכגילטיג צום לערנען: מיר אליין האבען זיין דארשט צו וויסען מיט געוואלד געלאשען...

(ענדע קומט).

א. קליינמוט.

---

# קינדערשע ציינער.

(פארטזעטצונג).

מיר ווילען דא נאך בעמערקען, אז שווערער פון אלע אנדערע ציינער שניידען זיך דורך די קליקעס, אדער ווי מען רופט זיי „אויגען-ציינער". ווי מיר ווייסען וואכסען אוים די קליקעס שפעטער פון די ערשטע „באבקעס" און שטעלען זיך אריין צווישען דער קליינער באבקע פון איין זייט און צווישען דעם זייטיגען שפיגעל-צאהן פון צווייטען. אבער ווען עס פערבלייבט ווענינ ארט אין דעם „צווישען", דריקט דאס זעהר און ברענגט שמערצען.

אויפ'ן 6—7-טען יאהר, אז די מילך-ציינער זענען נאך גאנץ אין מויל ביים קינד, שניידען זיך שוין אוים נייע פיער ציינדלעך: די שטענדיגע „באבקעס". זיי וואקסען אוים אויף דעם ענדע פון דער שורה ציינער, אין יעדער זייט און אין יעדער צייל צו איין צאהן. זיי רופען זיך: „זעכס-יעהריגע" ציינער, ווייל זיי שניידען זיך אוים אויפ'ן זעכסטען יאהר. זיי קומען אן לייכט, אהן שמערצען. די מוטערס האלטען זיי געוועהנליך פאר מילך ציינער, און מען גיט גאר ניט אכטונג אויף זיי, און פון דעם קומט אפט ארוים א רעה פאר דעם קינד. די ציינער אין דעם קינדערשען אלטער זענען ווייך און צער-שמעלצען זיך לייכט. ווען מען גיט ניט גוט אכטונג אויף די קינדערשע ציינער הייבען זיי אן אפט צו פוילען באלד ווי זיי וואכסען אוים.

די צייט פונ'ם קינדערשען עלטער איז אבער די וויכטיגסטע צייט פאר די ציינער. דאס בעסטע איז, אז די מוטער זאל זיך א געוואוהנהייט מאכען צו ציינהלען די ציינער אין מויל ביי'ם קינד, פון 5 ביז 7 יאהר. אויף דער שאלה, צו מעג מען די ציינער ציינהלען, איז דער ענטפער: מען מוז די ציינער ביין קינד ציינהלען אין משך פון 5 ביז 7 יאהר. מיר ווייסען, אז מילך-ציינער זענען דא נאר צוואנציג, צו צעהן אין א צייל, און אויב די מוטער ציינהלט אן אין די יאהרען 12 ציינדלעך אין א צייל, בעווייזט דאס, אז די איבעריגע זענען שוין ניט מילך-ציינער נאר שטענדיגע: די ערשטע שטענדיגע „באבקעס", וואס זיצען גאר צום לעצט אין דער שורה ציינער, איינער פון דער רעכטער זייט און איינער פון דער לינקער זייט. דאס זענען שטענדיגע ציינער, וועלכע בייטען זיך ניט אויף אנדערע, און צו פערליהרען אזא צאהן אין די יונגע יאהרען איז אגרויסער שאדען. זאלען דאס די מוטערס געדענקען און השגחה געבען אויף די שטענדיגע ציינער, און אויב זיי האבען ערגיץ קריצען אויף זיי, — אדער אנדערע חסרונות, זאל מען זיך באלד ווענדען צו אדענטיסט. אויב מען האט שוין די ריכטיגע צייט דורכגעלאזען, און די ציינער זענען שוין גאר צעפוילט, איז כדאי ארוים נעהמען זיי בעצייטענס, פאר דעם 12-טען יאהר, ד. ה. איידער די צווייטע באבקעס קומען אן. די נוצען פון דעם ארוים נעהמען דעם צאהן בעצייטענס, זענען דאפעלטע: די צווייטע „באבקע" וועט בעקומען א גרויסערען ארט פאר זיך אין מויל, און, ווידער אויך, וועט זי עטוואס ארט פערנעהמען, וואו די ערשטע באבקע איז געשטאנען, און עס וועט שוין קיין גרויסער פוסטער ארט ניט פערבלייבען צווישען די ציינער, ווארום א פוסטער ארט צווישען די ציינער שטערט ביי'ם עסען, און ס'איז ניט שען אויך. אז מען נעהמט דעם צאהן ארוים שפעטער, ווען די צווייטע באבקעס זענען שוין דא אין מויל, — נאכ'ן 13-טען יאהר — בויגט זיך אן די צווייטע באבקע אין דער קרום, צו דעם ליידיגען ארט צו, צעשאקעלט זיך און פאלט ארוים אפט מאל.

פון דעם 7-טען ביז דעם 14-טען יאהר, בייטען זיך אום די מילך-ציינער אויף שטענדיגע. צו דעם 6—7-טען יאהר ווערד די באק-ביין ליינגער, און זי קען ארט געבען פאר א גרעסערן צאהל ציינער; די שטענדיגע ציינער ווערען שוין צו יענער צייט גאר אין גאנצען ענט-וויקעלט אינווענינ, אין באק-ביין, און זיי שניידען זיך דורך אין מויל אריין. די ווארצלען פון די מילך-ציינער צעשמעלצען זיך, זיי ווערען ווי אויסגעזויגען, און עס פערבלייבען נור די קרענדעלעך פון די ציינער אין מויל, וועלכע האלטען זיך שוואך „אויף א האר" טאקי, זיי שאקלען זיך און פאלען ארוים, זיי פאלען ארוים אין דעם זעלבען סדר ווי זיי שניידען זיך אוים, און מיט דעם זעלבען סדר שניידען זיך אויך אוים די שטענדיגע ציינער: פריהער די מיטעלסטע שפיגעל-ציינער און ז. וו. אזוי וואקסען אוים ביז דעם 14-טען יאהר אכט און צוואנציג שטענדיגע ציינער, גרינג אהן שמערצען.

די סמנים, דורך וועלכע מען דערקענט א שטענדיגען צאהן צווישען די מילך-ציינער, זענען די: מילך-ציינער זענען בכלל קירצער ווי די שטענדיגע, און זיי זעהען אוים דעריבער ברייטער. דער קאליער זייער איז ווי מילך, ווייסער ווי די שטענדיגע. אויך זענען אלע מאל די מילך-ציינער, אין דער צייט ווען עס קומען אן די שטענדיגע ציינער, עטוואס אבגעריבען, אויסגעניצט, און ווידער נאך, אויפ'ן שטענ-דיגען צאהן, וואס האט זיך ערשט אויסגעשניטען, קען מען בעמערקען עטליכע קעפלעך אדער שפיצלעך פון אויבען.

(ענדע קומט).

דענטיסטין ג. ציפין-לעווין.

---

# פאר די בעל־הבית'טעס.

## יום טוב'דיגע מאכלים.

א קארפ בלוי געקאכט. א קארפ אויף שטיקער צעשניטענע לעגט מען אריין אין א פאן, גיסט ארויף אויף איהם א האלבע קווארט שטארקען, הייסען עסיג און לאזט א ווייל'ע שטעהן. פון דעם עסיג ווערד דער קארפ בלוי. נעהמט ראזינקעס און לאזט זיי ווייך אבקאכען, גיסט אריין א ביסעל עסיג, ווארפט אריין א שטיקעל ציטרין שאלעכטס, צוקער נאך דעם געשמאק, א שטיקעל האניג־לעקעך און אין דער זופ לאזט דעם פיש קאכען בערך 20 מינוטען.

מען קען אויך אזוי קאכען העכט, אדער שלייען.

שניצלען אלא נעלסאן. צעשנייט א שטיק ריפענפלייש אויף שניצלען (לאנגע שטיקלעך) צעקלאפט, לאזט אין א פאן ברוינען א לעפעל שמאלץ און לעגט ארויף די שניצלען. אויף די שניצלען לעגט ווידער שמאלץ, צעשניטענע אויף פלאסטערען ציבעלעס און שוואמען. אויף דעם לעגט ווידער שניצלען און אויף די שניצלען ווידער שמאלץ, ציבעלעס און שוואמען, ביז מען לעגט אזוי אויס אלע שניצלען אין דעקט גוט צו, אום די פארע זאל נישט ארויס. דאס לאזט דעמפען בערך א שעה, היטענדיג, אז דאס פלייש זאל זיך נישט צוברענען.

אנשטאט שוואמען קען מען אויך נעהמען אבגעבריהטע קארטאפעל.

היהן, אדער אינדיק אין מייאנעס. ווען מען נעהמט ארויס די היהן, אדער דעם אינדיק פון דער זופ (יויך), לאזט מען אבטריפען די זופ און אבקיהלען. צעשניידט, לעגט מיט די ברוסט אקאפויר, שיט דורך געדיכט מיט צעשניטענע, געקאכטע שוואמען, דין צעשניטענע מארינירטע קארנישען (קליינע אוגארקעס), געקאכטען, גרינעם ארבעס און ביבלעך. דאס אלעס בעגיסט מיט זופ, וואס ווערד אזוי געמאכט:

8 הארט אויסגעקאכטע געלכלעך צערייבט מיט א האלבען לעפעל, צוגיסענדיג איינציגווייז ¼ פראנצויזישען בוימעל און לאזט אריין אויך איין רוי געלכעל. ווען פון דעם רייבען דאס אלעס צוזאמען הויבט זיך אן צו מאכען שוים, שיט אריין א לעפעלע צוקער, זאפט פון א ציטרין און א האלב לויט צעלאזטע זשעלאטין. צעקלאפט דאס אלעס צוזאמען אין א קיהל ארט און ווען עס הויבט אן געדיכט צו ווערען, בעגיסט דערמיט די היהן, אדער דעם אינדיק, וואס ליגט אויף דעם פולמיסעק. בעגלעט מיט א מעסער אין בעציערט מיט גרינצייג און ראזען פון שאלאטען און בוראקעס.

ווינער שניצלען. צעשנייט א שטיק קאטלעטען־קאלב־פלייש, צעקלאפט די שטיקער, בעשיט מיט מעהל און פרעגעלט ווי א ביפשטיק. אויף דעם פולמיסעק בעלעגט מיט פלאסטערען פון ברוין געפרעגעלטע קארטאפעל.

עפעל קרעם. באקט אן פופצעהן עפעל, רייבט זיי דורך א זופ, מישט אויס מיט דריי איי־ווייסלכטסען, שיט אריין בערך א האלב פונט דינעם צוקער און קלאפט דורך מיט א לעפעל אזוי לאנג ביז די גאנצע מאסע ווערד ווייס און געדיכט, אז דער לעפעל קען אין איהר שטעהן. דערנאך מישט דאס אויס מיט צוויי לויט צעלאזטע דורכגעזייטע זשעלאטין, לעגט אין א פארם אריין און לאזט שטעהן ביז עס ווערד קאלט.

דער קרעם מוז געמאכט ווערען אין א קאלט ארט.

שוים פון עפעל. באקט אן 12 עפעל און רייבט זי דורך א זיפ. גיט צו 12 לויט דינעם דורכגעזיפטען צוקער מיט צימרינג און שטעלט עס אין א פאן אויף אייז. ווען די מאסע איז שוין גוט קאלט, שלאגט אריין 2 איי־ווייסלכטסען און מישט אזוי לאנג אין איין זייט ביז עס וועט זיך מאכען א געדיכטע שוים (פיאנע). דאמאלס לעגט ארויף אויף א פילמיסעק, גלעט אויס מיט א מעסער און בעשיט מיט צוקער.

א מאנדעל שפייז. בריהט אן א קוואטירעל זיסע מיט עטליכע ביטערע מאנדלען, נעהמט אראב די שאלען, און צעהאקט דין. דערנאך צערייבט דאס צוזאמען מיט בערך א גלאז דינעם צוקער, אריינשלאגענדיג צו איינס, זעקס געלכלעך, מישט גוט אויס, גיט צו שוים פון איין ווייסלכטס, לעגט אין א פאן, וואס איז אויסגעשמירט מיט שמאלץ און שטעלט אין אויווען אריין.

ווען די שפייז איז פערטיג, בעלעגט זי מיט איינגעמאכטס אין דערלאנגט צום טיש.

איין עפעל שפייז. שיילט אן צעהן עפעל, צעשנייט אויף דינע שטיקלעך, לעגט אין א פאן און גיט צו א לעפעל שמאלץ, א גלעזיל גוטען ווין און לאזט די עפעל גוט צעקאכט ווערען. דערנאך לעגט ארויס אויף א שיסעל, גיט צו 8 געלכלעך, בערך א גלאז צוקער, דין צעריבענע ציטרין־שאלעכטס און קלאפט דורך די גאנצע מאסע ביז זי ווערד ווייס, ענדליך גיט צו 2 געריבענע זעמעל, שוים פון איי־ווייסלכטסען, מישט אלעס גוט אויס, לעגט אריין אין איין אויסגעשמירטע פארם און שטעלט אין אויווען אריין.

פנינה.

# אלערליי.

(איודישע פרוי א וואכמייסטער). אין דעם צווייטען באנד „יודישע ענציקלאפעדיע Jewish Encyclopaedia, וועלכע ד״ר איזידאר זינגער גיט ארויס אין ניו־יארק, געפינט זיך אין דעם ארטיקעל איבער די יודישע סאלדאטען אין דער פרייסישער ארמעע בשעת די מלחמה פון יאהר 1813—15 זעהר איין אינטערעסאנטע ידיעה:

עס איז ווערט צו דערמאנען וועגען א מערקווירדיגע פרוי מיט דעם נאמען לואיזע גראפעמוס (איהר אמת'ער נאמען איז געווען אסתר מאקוען), וועלכע האט כדי אויפצוזוכען איהר מאן, וואס האט געדיענט אין דער רוסישער ארמעע, זיך פערקליידעט אין מאנסבילשע קליידער און איז אריינגעטרעטען אין איין אולאנער פאלק אלס פראסטער סאלדאט. זי האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר העלדענמוטה און האט באלד בעקומען דעם טיטעל וואכמייסטער, זי איז דערנאך צוויי מאל פערוואונדעט געווארען און האט בעקומען פון דעם קאמאנדיר גראף ביולאוו דעם אייזערנעם קרייץ־ארדען. אין יאהר 1814 האט זי געפונען איהר מאן אין די געגענד פון פאריז, וואו ער איז א טאג נאך זיין זעהן זיך מיט איהר געשטארבען. ער איז דערשאסען געווארען פון א קויל, וואס האט איהם אויף דער שטעלע געה'רג'עט„ איהר אונבעשרייבליכער טרויער איבער איהר געשטארבענעם מאן האט ענטדעקט, אז זי איז א פרוי. לואיזע גראפעמוס האט מען באלד בעפרייט און מיט גרויס כבוד האט מען איהר בעגלייט אויף איהר רייזע א היים צו די קינדער.

צוליעב יום-טוב וועט די נומער 18 צעשיקט ווערען די וואך פון נאך סכות.






Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau